הערויסגעגעבען פון בוכ[...] הילפערין & שווייצער

דער

„קוצו של יוד"

פאָן

י. ל. גארדאן

# אחער א פרפעלע

איבערזעטצט

פאָן

יצחק יואל

ליניעצקי.

אדעססא

דרוק פאָן היילפערין & שווייצער

# איבער א פינטעלע

## דיא בעריהמטע העבראישע פאעמא

## „קוצו של יוד"

פאן דעם גרויססען דיכטער ר' יהודה ליב גארדאן ז"ל.

(אלס לעבעדיגעס בילד פון דעם יודישען פרויען־לעבען אין גאנץ פוילען ביז דיא 70־גער יאהרען אונד אין דער ליטא פאססט עד היום).

אינע פרייע, דאך טרייע איבערזעטצונג
אין ריין געדיעגענען זשארגאן, נאך דיא שטרענגסטע גע-
זעטצע דער פאעזיע אונד דיכטקונסט,



פאן

## יצחק יואל ליניעצקי.

אדעססא תרס"ד

דרוק פאן היילפערין אט שווייצער

---

# Ради одной точки

Поэма знаменитаго евр. поэта

**Л. Л. Гордона**

переведена на евр. діалектѣ

## И. І. Линецкимъ

Типо-Литографія Гальперина и Швейцера Екатерининская д. № 36.

# געווידמעט

מַיין טְהַיְיֶערֶער , הָאכְֶעהְרְווִירְדִיגֶער שְׁווִיגֶערְטָאכְטֶער

סָאפִיַא לֵעב (נעבארען) פָּאדְרָאלְסְקִי.

צוּ אִיהְרֶען גֶעבוּרְטסְטַאג

אם 1-טען פעבער 1904 יאהר.

צוּם עֲוִויגֶען אַנְדֶענְק פָאן אִיהְרֶען ,

אִיהְר אִיבֶּערְגֶעבֶּענֶדען, שְׁווִיגֶערְפַאטֶער

דֶער אִיבֶּערְזֶעטְצֶער.

# איבער א פינטעלע.

## I.

אך, וועמען געהט אן, יודעש ווייבעל, דיין לעבען?
טרייטסט אויף אין דער פינסטער און געהסט זא אראב;
דיין גדלה, דיין טרויער, דיין וועהמוט, דיין שטרעבען,
ווערט אין דיר געבוירען — אין דיר שטארבט עס אב.
ביי דיא פאלקער א פרויא לעבט אין פריידען, געניסט
א פאמיליען לעבען, וויא איהר זעלבסט איז ליעב,
אבער דיא, יודעש ווייבעל! זיי עלענד, פערוויסט;
א פאסטאי זיי אין קראמעל, א דיענסט זיי אין שטיב.
יא, דיא טראג נאר און האב נאר און ניאנטשע און זייג,
און פערשפיעל ביי דעם אויבען דיא יאהר און דיא טאג,

וואס ווערט, אז האסט אויך א עמפפינדליכעס הארץ,
א געזונדען פערשטאנד מיט א שארפען זכרון?—
אז שאנס מוז דיר מאוס זיין, וואס וויים מוז זיין שווארץ,
וואס נאר חכמה — א טפשות, וואס מעלה — א חסרון [1]).
דיין האאר איז א חטא, א־נ־עבירה — דיין שטיממע [2])
דיין פנים — א־נ־עולה [3]) דיין גוף — שמוטץ און קויט [4]).

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

אִין דִיר טְלֵייֶעט נָאךְ אַלְץ פוּן דֶעם נַחַשׁ דִיא טוּמְאָה [5]
מֶע וַואכְט דִיךְ, מֶע דוּלְדֶעט דִיךְ נָאר אִיבֶּער נוֹיטְה.
דִיר זָאגְט מֶען: נִיט הִיטְץ זִיךְ, נִיט שְׁטִיפּ זִיךְ אִין כְּלָל,
נִיט דִיא דַארְפסְט זִיךְ מֶענְשֶׁען—דִיא טְרָאג נָאר דֶעם עוֹל.

אַלְוַאי וָואלְלסְט נִיט קאֶנְנֶען קֵיין עִבְרִי אַ וָוארְט,
וָואלְלסְטִי חָאטְשֶׁע אִין שְׁהִיל נִיט גֶעלִיטֶען דִיא בּוּשָׁה,
צוּ הֶערֶען טַאג-טֶעגְלִיךְ דִיא מַאנְסְבִּילֶען דָארְט,
וִויא זֵייא מַאכֶען דִיא בְּרָכָה „שֶׁלֹּא עָשַׂנִי אִשָּׁה".
אַלְץ אֵיינְס בַּיי זֵיי וַוארְוַואר אוּנ שְׁקלַאפֶּע אוּנ דִיא
נָאר אוֹיף פְּלִיד טוֹיגְסְטִי פִּינְקט, וִוי דִי קְוָואטְשֶׁקֶע אוֹיף אֵייֶער. [6]
צוּ וָואס זְשֶׁע, דִיא דְרֶעשְׁקַאלְב, דִיא מֶעלְקֶענְדֶע קִיא,
דַארְפְּסְט דוּא נֵאטְהִיג נָאךְ זַיין אַ מְלוּמֶדֶת אִין שְׁלֵייֶער?
צוּ וָואס טוֹיג דָאס דִיר, צִי צוּ וָואס נִיטְצְט דָאס יֶענֶעם —
אַז פַאר פָאלְגֶען דַיין עֵצָה נָאר קִימְמְט שׁוֹין דֶער גֵיהֶנוֹם? [7]

קַארְג, וָואס דַיין מַאנְן אִיז דִיר יוּנְג אָבְּגֶעשְׁטָארְבֶּען
אָהְן קִינְדֶער, (לָאז עֶר שׁוֹין דָארְט זַיין אַ מְלִיצָה.)
בֶּעדַארְפסְטוּ דַיין יוּגֶענְד נָאךְ בְּרֶענְגֶען אַ קָרְבָּן,
עָרְוַוארְטֶענְדִיג יָאהְרֶען דִיא פִינְסְטֶערֶע חֲלִיצָה [7]

# איבֶער אַ פִּינְטֶעלֶע.

הָאסְט מֶעהְר אַלֶם דִיא בְּרִידֶער דַיין טַאטֶען בֶּעקְלָאגְט,
דָאךְ דִיא גַאנְצֶע יְרוּשָׁה אִיז נָאר זֵיי אָנְגֶעקוּמְמֶען;
נִיט נָאר עוֹלָם-הַזֶה אִיז דִיר, אִשָׁה, פֶערְזָאגְט,—
עוֹלָם-הַבָּא הָאט מֶען אויךְ בַּיי דִיר גַאנְץ וֶועקְגֶענוּמְמֶען:
פוּן דִיא תַּרְיַ"ג מִצְוֹת הָאבְּ'ן זֵיי צוּגֶעשְׁרִיעבֶּען
זִיךְ זֶעקס הוּנְדֶערְט צֶעהְן—אוּנ דִיר דְרַיי קָאם גֶעבְּלִיעבֶּען.

אִיךְ ווייס, יוּדֶעשׁ ווַייבֶּעל, דַיין הֶערְצְלִיכֶעס גַאהְרֶען,
צוּ ווִיסְסֶען, גֶענִיסְסֶען דִיא לֶעבְּטִיגֶע ווֶועלְט,
נָאר דָאס אִיז דִיר פֶערְבָאטֶען, מוּזְט ווֶועלְקֶען אוּנ דַארְרֶען
וִויא אַ בְּלוּמְם, ווָאס אִיז שְׁטֶענְדִיג אִין שַׁאטְטֶען פֶערְשְׁטֶעלְלְט.
יָא, אַיין הֶפְקֵר-פֶעלְד בִּיסְטוּ צוּם לִיפֶערֶען תְּבוּאָה, [8]
פֶערְווִילְדֶעט, פֶערְלָאזְט, נִיט בֶּעאַרְבֶּעט פוּן קֵיינֶעם;
הָאסְט נָאךְ נִיט אִין לֶעבֶּען דִיא מִינְדֶסְטֶע יְדִיעָה —
ווֶערְסְט דוּא שׁוֹין אַ ווַייבּ מִיט אַ מַאמֶע אִינְאֵיינֶעם!
דוּא הָאסְט נָאךְ גָאר קִינְדֶערְשֶׁע תְּנוּעוֹת, עֲוַיוֹת—
אוּנ שׁוֹין אֵשֶׁת-אִישׁ, שׁוֹין עֲקֶרֶת-הַבַּיִת! . .

„שׁוֹין אֵשֶׁת אִישׁ?" זָאג זְשֶׁע: ווייסְסט חָאטְשׁ פַאר ווֶעמֶען?
„כְּ'הָאבּ אִיהְם דֶען גֶעלִיעבְּט, צִי גֶעקאַנְנְט פִּילוּ גָאר?"

# איבֶער אַ פִּינְטֶעלֶע.

שְׁטִיל! חֲצוּפָּה! וָואס זָאגְסְטוּ „גֶעלִיעבְּט"? מַאגְסְט זִיךְ שֶׁאהְמֶען!
אַ יִדִּישֶׁע טָאכְטֶער גָאר לִיעבֶּען וִויא טָאר..?!
פֶערְצִיג טֶאג פַאר אִיהְר מַאמֶעס אִין טְרָאגֶען פֶערְגֶעהֶען,
הָאט אִיהְר שׁוֹין דֶער מַלְאַךְ אִיהְר זִוּג בֶּעשֶׁערְט.)
הַיינְט וָואס מַאכְט שׁוֹין דֶען אוֹיס, אַז זִי וֶועט אִיהְם פַּאקְזֶעהֶען,
צִי וָואס הָאט דָא לִיעבֶּע סַךְ-הַכֹּל אַ וֶוערְטָה?
אַז דִיא מַאמֶע, דִיא בַּאבֶּע הָאט פוּן לִיעבּ נִיט גֶעוִויסְסְט —
צוּ וָואס זָאלְלֶען דִיא טֶאכְטֶער זַיין חֲצוּפוֹת אוּמְזוּסְט..?

רוּק זְשֶׁע בַּאלְד אָן דִי קוּבְּקֶע אִיבֶּער דַיין שֵׁאנֶעם שְׁטֶערְן,
פֶערְשְׁטִיפּ דַיינֶע גִילְדֶענֶע צָאפּ אִין דֶער שְׁמָאטֶע;
וָואס הֶעלְפְט שׁוֹין דַיין קוּקֶען צִינְד, דַיין גֶעוָואִירְוֶוערֶען:
צִי יוּנְגֶער, צִי עֶלְטֶער, צִי גְלַייךְ, צִי הָארְבַּאטֶע?
אַלְץ אֵיינְם נֶעהְמְט דֶער טַאטֶע בַּיי דִיר-קַיין רְשׁוּת,
דִיךְ צוּ קוֹיפֶען, פֶּערְקוֹיפֶען אִין אַ זַאק בְּלֹא רְאִיָה;
אֵיין לָבָן הָאַרַמִּי הָאט גֶעטְהוּן אַזָא שְׁטוּת
מִיט דֶעם „נִקְרָא לַנַּעֲרָה וְנִשְׁאֲלָה אֶת פִּיהָ".
אַלְס בְּתוּלָה אִיז טַאטֶע דַיין מוֹשֵׁל, פַּאטְרָאן,
אוּנ פוּן אִיהְם דִיא מֶמְשָׁלָה גֶעהְט אִיבֶּער צוּם מָאנְן...

„צוּם מָאנְן"—וִויא זְשֶׁע דֶען? אָהְן עַיִן-הָרָע אַזָא יַעֲדְן!

## איבּער אַ פּינטעלע.

ער ווייסט ־קיין מלאכה, קיין פאך, ־קיין געשעפט...
וויא ער עסט נאר דיא קעסט אב און פּטור'ט דעם נדן,
איז ער שוין אַ טאַטע פון קינדער;— איהר טרעפט,
אַז קיין טהייעכטס פאַר איהם דא איז ניטא מן-הסתם!
הייבט ער אן זיך הערומשלעפּען אויף דער מדינה...
און פּאַוואַליע פּערלויפט ער מעבר לים,
און דאס ווייב מיט דיא קינדערליך בּלייבּט אַ-נ-עגונה...
דאס איז דיא בּעשרייבּונג פון כּלל יודעס ווייבּעל;
דאס זעלבּע פּאַססירט אונזער אונגליקקליך טייבּעל.

# II.

דער וואס האט טייבּלען קיין מאל ניט געזעהען,
דער האט גאר פון שאנס־קיין בּעגריף אויף אַ האאר!
אין איהר שפּיעגעלט זיך אב זעלבּסט די שאנהייט אַליין
אין איהר אָריגינאַלען געשטאַללט פון נאַטור.
פון גאָט'ס טעסט איז פאָלקאָמען הערויס אָ דאס בּילד;
פון ־קיין מאַהלערס, קיין קונסטלערס געטאַקט, ניט פּערצירט,
דארום איז איהרע אונשולד זא רייך הימלעש מילד,
און איהר בושה און צנועות—דיא גאָטטהייט קאַפּירט!

# איבּער אַ פּינטעלע.

נאָך אַלס קינד הייבּט שוין אָן, וויא דער מאָרגען, שאַריען
אין איהר אַלל' דיא זיטטען פון האכטער בּת-ציון:

ריין זויבּער, פלייסיג און מילד וויא דיא זאָנגע,
פאלל עהרענגעפיהלע און דאך בּיי זיך קליין;
אַזוי ליעבּ, גוט און פרומם, אין בּעשטענדיגער לוינע,
און אַללעס אין איהר האט דעם זיעבּעטען חן.
דאס צנועות אַליין זאלל זיך קאַננען פערקליידען
אין עט וואס אַ מענשליכעס, הערפּערליך לייבּעל,
דאן וואָללט זיא געוויסס אין דיא אויגען בּיי יעדען
פּינקט איינליך געוועזען אויף אונזערער טייבּעל.
אַ סוד איז איהר שאַפּונג, איהר וועזען—אַ פּליאה,—
פון גאָטטס נאר אַ קיש איז בּעשאַפען דיא בּריאה!

אַ שטראַהל פון זיין לויבּענדער גאָטטליכער שכינה,
אַ טוי-טראָפּפען גלייך פון אַ פּינקעלדיג גראַזעלע
אַ שמייכעלע פון אַ נאַיוו-פרוממער מינע,
אַ מאי-אַראָמאט פון אַ פריש-בּליהענד ראָזעל,
הערצו אַ שיין-שפּריטצעל פּיים הימלישען פולל:
אָ דאס אַללעס האט גאָטט מיט זיין אָטהעם צולאָססען,

# איבער א פינטעלע.

צוזאממען געמישט אונ פערקראכט אין דער שטילל;
דיסטעליררט אונ זא גלייך אין זיין פארם געגאססען—
אונ אויגענבליקק האט זיך פון דארט אויסגערויכט
א נשמה'לע — א סענץ פון דעם היממלישען לעבען.
אונ באלד האט זיא גאטט מיט זיין מויל איינגעהויכט
אין א צווייבער-פאלל וועזען—אונ האט דעם געגעבען
א קיש—איז הערויס א דאס רייצענדע ווייבעל,
וואס מענשען דא ריהפען מיט דעם נאמען „טייבעל".

גאטט'ס קוש זיא געבוירען, גאטט'ס קוש זא ערצויגען;
קיין ניאנקע, קיין אם האט איהר וויעג ניט בעוואכט,
נאר איהר נפש'ל אין זיך פערבארגען פון אויגען,
האט גאנץ אין דער שטילל אויסגעוועבט איהרען פראכט,—
יא, עס טרעפט זיך אמאל, אז גאר דייקע אין א שטיין
וואקסט א פראכטפאללער ווינשטאק פון זיך זעלבסט אליין.
יענע וועלפין, וואס האט דעם רמולוס גענאהרט")
האט אויך טייבלען געזויגען פון איהרען מילך-שוואמם;
א, דער אייבערשטער האט דער נאטור גיט ערקלערט,
וויא צו זיין—ווען מע דארף — א פאללקאממענע אם.

## איבער א פינטעלע.

איהר וואוקס נאר א פאלמע, א וואלד בלאנדע האאר,
וויא דיא לויטערע הימעלפארב איהרע צווייא אויגען;
דיא באקקען וויס מילעך, פערפארבט אין פורפור
אין צוויי פאנסענע ליפעלעך דאס פיסקעל פערצויגען.
איהר שטיממע טריפט האניג, א באלזאם איהר רעדען,
דער האלז—א געשליפענער מארמער, וויס קלאר,
אונ דער ביוסט—דער פערבארגענער דיא וועלט גן-עדן—
א צויבער-געמעהל, א קאפריז דער נאטור.
א, ווער איז דאס דער קונסטלער, דער גרויססער ערפינדער,
וואס האט גאר פערדענקט אזא געטטליכעס ווינדער?

אט שטעהט זיא אינגאנצען פאר אונז אויסגעצויגען,
וויא גרויסס אונ וויא הערליך זיא איז שאן אונ מילד!
נאר ווי שטאהל צו מאגנעט, אזוי ציהעט עס די אויגען,
א קוק צו טהון אויף א דעם געטטליכען בילד.
שוין צו צוואנציג דריי מאל האט דער זומער אונ ווינטער
שוין איבערגעקאטשעט אויף דעם בילד זיין רעדעל,
אונ דאך איז זיין פראכט אויף א האר ניט דעראונטער,
מע וואלט היילינג שווערען, אז זיא איז נאך א מאדעל,

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

וֶוען נִיט נָאר דֶער עֵדוּת, דֶער ווִיסְטֶער יַארְלִיק:
אָ, וֶוען נִיט אוֹיף אִיהְר שְׁטֶערְעֶן דֶער פְּרֶעמְדֶער פַּאבְּרִיק.

אִיהְר טַאטֶע אִיז גֶעוֶועזֶען רְבּ נחַ מַיידַאן;
אוּנְטֶער יוּדֶען אַ רְבּ אוּנְטֶער פְּרִיצִים — אַ פַּאנְיָא.
הָאט גְ׳הַאלְטֶען אַ צַייטְלַאנְג דִי פָּאטְשְׁט אִין לִיוַואן,
אוּנ דֶערְבַּיי אוֹיךְ אַוַוינְשַׁאנְק, נָאךְ מִיט אַ-נְ-אַכְסַנְיָא.
גַאנְץ יוּנְג אִיז אִיהְם זַיין אֵשֶׁת-חַיִל גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אוּנ זַיין בַּת-יְחִידְ׳קֶע פֶּערְטְרֵייט אִיהְם אִיהְר אָרְט,
וֶועלְכֶע הָאט אִיהְם דִיא שֶׁפַע אִינְגַאנְצֶען עֶרְוָארְבֶּען
פוּן אַלֶע דִיא פְּרִיצִים, וָואס שְׁטֶעהֶען אַן דָארְט.
אַלֶע גַאפֶען אוּנ שְׁטוֹינֶען, וִויא זִיא פִיהְרְט דָאס הוֹיז,
אַלֶע פְּרִיצִים אֵיין קוֹל—אָהְנֶע שְׁמֵייכֶעל אוּנְד פַּארַס:
„נִישְׁטָא אוֹיף דֶער וֶועלְט אַזַא בְּלִיהֶענְדֶע רוֹיז,
אַזַא גֶאטְטלִיכֶעס וֶועזֶען וִויא טַייבֶעל דֶעם פָּאטְשְׁטַארְס"!

אִיהְר שְׁנֶעלְל-לַייבְטֶע טְרֵייט, אִיהְרֶע פְלִינְקֶע צְוֵויי הֶאנְד
אִיבֶּערְצַייגֶען, אַז וֶוען מֶע וָואלְלְט לֶעהְרְנֶען זִיא נָאר,
וָואלְלְט זִיא זִיכֶער אִין שְׁפִּיעלֶען גֶעוֶועהְן אֵיין טַאלֶענְט,
אוּנ וָואלְלְט אִין דֶער בַּאלֶעטְקוּנְסְט גֶעמַאכְט גְרוֹיס פָּארָאר.

# אִיבֶּער אַ פִּנְטֶעלֶע.

קַיין שׁוּם שׁוּלֶע הָאט זִיא דָאךְ נִיט דוּרִיכְגֶעמַאכְט—
אוּנ בֶּעזִיטְצְט דָאךְ 3 שְׁפְּרַאכֶען וִויא פוּן אַ מֶעטְהָאדֶע,
חוּץ נַייֶען אוּנ הֶעפְטֶען אוּנ שְׁטִיקֶען — אַ פְּרַאכְט!
נָאךְ דִיא נַייסְטֶע וְשׁ׳רְנַאלֶען, נָאךְ אַלְל׳ לֶעטְצְטֶער מאָדֶע.
דָאס זֶעהְט אִיהר אַלֵיין, דַארוּיף בְּרוּיכְט אִיהְר קַיין רַאְיוֹת;
טָא פְּרִיוְוט זְשֶׁע אוּנ הֶארְט אַייךְ נָאךְ אוּנְטֶער אַצִינְד—
עֶס וֶועט אַייךְ, בְּנֶאֱמָנוּת אוֹיסְצִיהֶען דָאס חַיוּת —
אִיהְר צִיקֶערְזִיסְם לִיעדֶעל בַּיים וִויעגֶען אִיהְר קִינְד.

אַ שַׁבָּת, אִין שְׁהִיל אַז זִיא גֶעהְט, אִיז אַ פְּרֵייד
נָאר צוּקִיקֶען, וִויא דִיעזֶעס גֶעמֵאחְל פִיגוּרִירְט
אִין אִיהְר שְׁנֵיי-וַוייסֶען לַאנְגְשַׁאל אוֹיפְ׳ן בְּלוֹי-זַיידֶען קְלֵייד,
אוּנ אִיהְר זִילְבֶּערְנֶער הַאלְז אִין דִיא פֶּערֶעל גֶעשְׁנִירְט.
מִיט אִיהְר שְׁווִימֶענְדֶען קָאפּ אוּנְד אִיהְר הֶעבֶּענְדֶע בְּרוּסְט
זֶעהְט זִיא אוֹיס וִויא אַ מַלְכָּה, זָא קֶאנִיגְלִיךְ מִילְד,
אַז אֲפִילוּ דֶער פָּרוּשׁ, וָואס וֵוייסְסט ש׳ין קֵיין לוּסְט —
חַאפְּט דָאךְ אוֹיךְ אוּנְטֶערְוַוייְלֶעכְס אַ קִיק אוֹיף דֶעם בִּילְד.
אוֹיךְ דֶער שְׁכִינָה אַלֵיין אִיז אִיהְר גַאנְג צוּקֶער זִיסְ,
חָאטְשׁ אַ שְׁטָאלְצֶע פִיגוּר דְרוּקְקְט דָאךְ צוּ אִיהְרֶע פִיסְס[12]

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

## III.

נָאר לַיידֶער אִיז דָאס נָאר גֶעוועֶזֶען אַ מָאל,—
אַצִינְד לִיגְט שוין אַ-נְ-עוָל אויף דֶער שְׁטָאלְצֶער פִּיגור:
אַ יַארְמָא פון פַּרְנָסָה, פון זָארְגֶען אָהְן צָאהל,—
טַייבֶּעל הָאט שוין אַ קְרֶאמֶעל און קִינְדֶער אַ פָּאאר!
טָאג און נַאכְט אִיז דֶער קָאפּ אִיהְר פֶערְשְׁלָאגֶען מִיט דֶעם:
וְויא דָאס קְרֶאמֶעל צו פִיהְרֶען, פֶערְזָארְגֶען דִיא הֵיים?
און אַזוֹי פון פַארְטָאג בִּיז דֶער זִינְקֶענְדֶער נַאכְט,
נִיט גֶערִיהְט, נָאר גֶעהָארְוֶעט, גֶעזָארְגְט און גֶעטְרַאכְט!
הַיינְט וְויא לָאזְט מֶען דִיא קִינְדֶער אָהְן דָאגְלַיאד פון קִינֶעם?
זִיא אִיז דָאךְ זֵיי מַאמֶע און טַאטֶע אִינְאֵיינֶעם!

„און טַאטֶע״? וְויא הֵייסְט? אִיז אִיהְר מַאנְן דֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען?
צִי לִיגְט עֶר חָלִילָה טויט קְרַאנְק נָאר צו בֶּעטְט?
צִי אִיז עֶר אַזוֹי דוּמם, אִין גֶעשְׁמַאק זָא פֶערְדָארְבֶּען
און הָאט אַזַא מַלְאַךְ נָאר אֶפְשֶׁר גֶע׳גֶט?
צִי עֶר פָאהְרְט אֶפְשַׁר אום אויף יַארִידִים מִיט סְחוֹרָה?
צִי זִיטְצְט עֶר נָאר יוֹמָם וָלַיְלָה עַל הַתּוֹרָה?—
אָ, נֵיין! עֶר לֶעבְּט, אִיז גֶעזוּנְד, אִיז אִיהְר מַאנְן,

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

אוּנ ,עֶר ווַייסְסט נִיט פוּן הַאנְדֶעל, פוּן ווַאנְדֶעל, פוּן גֶעלְט,
פוּן-קֵיין קְלוֹיז קַיין בֵּית-מֶדְרָשׁ אִין גַאנְצֶען לִיוַואן, —
עֶר שְׁלֶעפְּט זִיךְ גָאר אוּם אִין דֶער גְרוֹיסְס ווַייטֶער ווֶעלְט...

צוּ פִינְפְצֶעהְן יָאהְר אַלְט הָאט דֶעם מַלְאָךְ אִיהְר פָּאטֶער
גֶעגֶעבְּען אַ חָתָן, ווִיא אִיהְם אִיז גֶעפֶאלְלֶען...
אַיי ווָאס? : זִיא הָאט אִיהְם נִיט גֶעזֶעהֶען? — נָא פָּטוּר!
אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם נָאךְ דֶער חֲתוּנָה ווֶעלְלֶען
זֵיי לֶעבֶּען אוּנ קִינְדְלֶען, ווִיא גָאטט הָאט גֶעבָּאטֶען....
הַיינְט ווָאס דַארף דָאס קִינְד קָאנְטְרָאלִירֶען דֶעם טַאטֶען?
אָט הָאט דָאךְ אַבְרָהָם נִיט גֶעזֶעהֶען זַיין שָׂרָה
בִּיז יֶענֶער גֶעשִׁיכְטֶע, בַּיים טַייכֶעל מִצְרַיִם[13]
ווַייל אֵיין מָאל פַאר אַלְלֶע מָאל זָאגְט דִיא גְמָרָא,
אַז יֶעדֶען זַיין זִוּוג אִיז — מִן הַשָּׁמַיִם!
נָא, דַארְפֶען כִּיר גֵיהֶען מִיט דֶער מֵאמֶעס סִדוּר;
אַזוֹי ווִיא דִיא עֶלְטֶערֶען פִּינְקְטְלִיךְ זִיךְ פִיהְרֶען!
מִסְתָּם ווֶעט אוֹיךְ טַייבְּעל נִיט זַיין קִידֶער-ווִידֶער,
חָאטְשׁ לוֹיט אִיהְרֶע יָאהְרֶען מֵאג זִיא פְּרָאטֶעסְטִירֶען.

ווֶער פֶעהְלט א ים דִיא קְרֶאטְשְׁמֶע—צֶעהְן ווֶערְסט פוּן לִיוַואן,

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

וָואס זִיא הַאלְט אִין אַנְדֶערֶע דֶער מוּכְסָן רֶב נָתָן?
דָארְט זֶעהְט מֶען אַ בָּחוּר'ל, אַ מַאנְן אוֹיף אַ שְׁפַּאנְן,—
דָאס אִיז הִילְלֶעקַע זַיין קַדִּיש — דָאס אִיז טַייבֶּעלְס חָתָן!
אַ מִין פֶּרֶא אָדָם, אָהְן אַיין רֶעכְטֶער זִיטְטֶע,
דֶערְצוּ אַ פֶּערְזֶעהְנִיש, וָואס מַאכְט זִיךְ גַאנְץ זֶעלְטֶען!
אַיין עִלּוּי אִיז עֶר אָבֶּער נָאר אֵיינְס אִין דֶער לִיטָא:
קָאם קוּמְמְט נָאר צוּ פִּלְפּוּל—אַזוֹי קֶעהְרְט עֶר וֶועלְטֶען!
עֶרְשְׁט אוֹיף זַיין בַּר-מִצְוָה, נִיט לַאנְג, הָאט עֶר הִיעָ
אִין זַיין דְרָשָׁה דֶערְוִויזֶען מִיט אַ קַל-וָחוֹמֶר
פוּן וַשְׁתִּי הַמַּלְכָּה אוֹיף דִיא זִיעבֶּען פֶּעטְטֶע קִיה,
אַז אַ אִשָּׁה טָאר קַיין מָאל נִיט פָאהְרֶען אָהְן אַ שׁוֹמֵר...

רֶב נֹחַ דֶערְהֶערְט דָאס אוּנ שִׁיקְקְט צוּ רֶב נָתָן
אַ שַׁדְכָן, גָאר אָהְן אַ שׁוּם חוּקֵר וְדוֹרֵשׁ—
אָהְן תֵּירוּץ, אַז הִילְלֶעקַע מוּז זַיין טַייבֶּעלְס חָתָן,
זַיין זִיהְנְדֶעל, זַיין קַדִּיש, זַיין אֵיינְצִיגֶער יוֹרֵשׁ!
גֶעזָאגְט—אוּנ גֶעטְהוּן אוּנ אַ וָוארְט גֶעמַאכְט עֶנְדְלִיךְ;
מֶען שְׁרַייבְּט שׁוֹין דִיא תְּנָאִים, הִתְחַיְּבוּת הַמְחוּתָּנִים:
אִיבִּיגֶע קֶעסְט אוּנ נֶדָן הוּנְדֶערְט רֶענְדְלִיךְ,
לֶעגְט שׁוֹין אַיין רֶב נֹחַ בַּיים רָב מְזוּמָּנִים.

# איבּער אַ פּינטעלע.

רבּ נתן, פון זיין צד, טהוט איהם אָ דיא חטיבה:
—אום הילקע זאלל ווערען אַ גאון בּכּפּה—
שיקקט ער איהם אַוועק אויף צוויי יאהר אין ישיבה,
אונ קוממענדיג שטעללט מען למזל דיא חופּה.

עס קאָכט גאַנץ ליוואן, וויא אַ מיידעל, אַ ווייבּעל,
זאַגען טייבּלען מקנא אויף דעם האָכּסטען גראד!
„אָט אַ גליקקליכע"! זאָגען זיי—וואָזשע זאָגט טייבּעל? —
—ווער קאָנן עס דערגעהען אַ מאדרעלשען סוד..?
פון דעם מזל-טוב אָן געהט זיא אום טויט אונ בּלעך,
נאר זיא האַלט אין איין שווייגען, פערטיעפט נאר אין זעך;
הויב שווייגען איז ווירקליך אַ סמן הסכּמה—
זא פהילט זיא זיך זיבער געהאַכט אונ געקרענקט;
מאלע וואס דארטען פלוידערט דיא שדכנטע בּליומע,
אַז טייבּעל ליגט גאר איפּ'ן פּנים אונ ווייגט...

ווי געשיקקט זיך „זיא ווייגט"? — אַזא רוי מאַטריאַל
נעהמט זיך אָן אַזא-נ-עלוי צו מאכ'ן פאר אַ בּליי")
וואס איז פּאַק": ער טויג צו דער וועלט ניט בּכלל?—
דער ער טויג ער צו פּלפּול גאר הפּלא ופלא!

# איבער א פינטעלע.

ער ווייססט פאקע ניט פון קיין מסחר, קיין פאך ? —
דערפאר ווייססט ער דאך אבער א פשט'יל, א סברא!
ער קאנן פאק קיין חשבון, קיין למוד, קיין שפראך ?—
דערפאר קאנן ער דאך אויסוועניג ת"ק בלאטט גמרא!
מיט תוספות, מהרש"א, מיט אלפס און ר"ן,—
איז א קריוודע פאר איהר אזא חריף א מאנן..?

גישמעהר וואס איז צו רעדען, דיא זאך מוז שוין זיין:
שוין געקוממען דער העלד פון ישיבה, ויבוא!
דיא טויב פאללט צום טכויר אין דיא לאפפקעס אריין
פונקט אין דעם ערב שבת פון פרשה כי תבוא:
דיא סדרא, אין וועלכער דיא תוכחה שטעהט, —
יא, זיסס טייבעל! אויף דיר פאללט דיא תוכחה ציינד!
דוא פערשטעהסט זעהר גוט, אז דיין יוגענד פערגעהט,
און דוא מוזט געביך שווייגען, מוזט זיין טויב און בלינד...
יא, דער טאטע האט געקויפט דיר א קאטץ אין א זאק,
און פאר דיין כבוד-אב האסטו, טאכטער, דעם פסק!

דיא טויב מיט דער מויז,
דעם דארן מיט דער רויז,

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

פִּיהְרְט מֶען שׁוין צוּ דֶער חוּפָּה, וְוִיוַואט!
דֶער חָתָן זָאגְט פִּיר,
אוּנ דֶער מִין קַאוַואלִיר
פִּישְׁטְשֶׁעט נָאךְ וָוארְט בַּיי וָוארְט: „הֲרֵי אַתְּ".
דֶער רָב שׁוין גֶעעֶנְדִיגְט דֶעם סִדוּר-קְדוּשִׁין —
אוּנ „מַזָל טוֹב! מַזָל טוֹב"! שְׁרַייֶען אוֹיס אַלְלֶע.
מְחוּתָּנִים, מְחוּתֶּנֶת'טֶעס חַאפֶּען זִיךְ קוּשֶׁען
אוּנ דִיא וַוייסֶע חֶבְרָה בֶּעוַוארְפְט חָתָן-כַּלָה.
דִיא כְּלֵי-זֶמֶר'לִיךְ שְׁפִּיעלֶען, דִיא סְטאָטְשֶׁעקְעס גְלַאנְצֶען,
דִיא מַאנְסְבֶּעלֶען פְּלֶייעסְקֶען, דִיא וַוייבֶּעלִיךְ טַאנְצֶען.

אַז מֶע הֶערְט פַּאק אִין לְיַארֶעם אַ זִיפְצִיגֶען „אָךְ",
וָואס עֶר בּוֹיעֶרְט אוּנ לֶעבֶּערְט עַד לֵב הַשָּׁמַיִם,
„עֶט שְׁטוּתִים! דָאס אִיז פוּנ'ם גְלֶעזֶעל דֶער בְּרָאךְ,
אַלְס אַ זֵכֶר צוּם חוּרְבָּן פוּן יְרוּשָׁלַיִם".
אַ שְׁטָארְט, וָואס בֶּעשְׁטֵעהְט נָאר פוּן טוֹיט מַאטְרִיאַל —
פִּיר אִיהְר מַאכֶען מִיר טוֹיזֶענְדֶער יָאהְרֶען אַ זֵכֶר,
אוּנ אוֹיף אוּנְזֶערֶע לֶעבֶּעדִיגֶע קִינְדֶערְלִיכְס פַאלְל
טְרִינְקֶען מִיר נָאךְ לְחַיִּים אִין גִילְדֶענֶע בֶּעכֶער!?
הֶערְט, טַאטֶעס, אַייךְ אַיין אִין דִיא גְלֶעזֶער-בְּרוּךְ-קְלַאנְגֶען:

# איבּער אַ פּינטעלע.

דָאס קְלאָג-לִיעד פּי׳ם פָּארֶעל וֶוערְט דָארְט פָארְגֶעשְטֶעלְט:
„שוין צֶעבְּרָאכֶען דָאס גְלֶאזֶעל, מִיר זַאגֶען גֶעפַאנְגֶען!
פֶּערְווִיסְט אוּנְזֶער לֶעבֶּען, פֶּערְשְׁפִּיעלְט אוּנְזֶער וֶועלְט"!

דִיא גְמָרָא זָאגְט רִיכְטִיג, בֶּערֶעכֶענְט מִיט טָאלְק,
אַז אַ זִוּוג קוּמְמט אָן וְויא קְרִיַעת-יַם-סוּף זָא שְׁוֶוער;
טַאקֶע אֶמֶת! דֶער צווּג פוּן אַ יוּדֶעש פָאאר-פָאלְק
שְׁטֶעלְט אוּנְז פָאר יֶענֶעם שֶרֶעקבִּילְד, וָואס יוּדֶען בַּיים מֶעער:
רֶעכְטְס אוּנ לִינְקס לִיגְט אַ מִדְבָּר מִיט חַיוֹת, סַכָּנוֹת!
פוּן אוּנְטֶען דֶער שׁ ו נ א, פוּן פָארֶענְט — אַ יָ ם...
„אַ נָא, מַארְש, קִינְדֶער"! שַׁאפֶען דִיא אַלְטֶע אַפֶּעקוּנֶעס,
דִיא קִינְדֶערְלִיךְ פָאלְגֶען אוּנ שְׁפְּרִינְגֶען אִין תְּהוֹם...
אוּיף דֶער הֵייסֶער שָׁעָה וַוייזְט זִיךְ זֵיי אוּיס וְויא נִישְׁט-קָשָׁה:
דָאס שִׁיפֶעלֶע הוּידֶעט, עֶס קִיטְצֶעלְט, זֵיי קְוֶואלְלֶען—
נָאר פְלִיצֶעם פֶּערְפְלֵייצְט עֶס דִיא גַאנְצֶע יַ בָּ שָׁ ה,
זֵיי וֶוערֶען פֶערְשְׁלוּנְגֶען אִין דִיא בֵּאזֶע וֶועלְלֶען...

# IV.

אוּיךְ אוּנְזֶערֶען פָּאארֶעל זִינְד דְרַיי יָאהְר פֶּערְפְלוּיגֶען
אִין עֶסְסֶען דֶעם מָן בַּיי רֶבּ נחַ׳ן אִין הוּיז;

# איבּער אַ פּינטעלע.

אונזער טײַבּעל האָט געטראָגען, געקינדערלט, געזויגען
און הילקע האָט געדאַווענט, געלעהרענט אין קלויז.
מיט דער צײַט טהוט דאָס רעדעל צוריקק זיך אַ דרײַ:
שוין נישטאָ מער קיין מאָן; דאָס פּאָר-פּאָלק בלײַבּט געפּלעווט,
„פון וואָס לעבּט מען? וואָס טהוט מען? אז אָך אונז און וועה!
נישמעהר וואָס קענן מען טהון, אַז מע ווייסט קיין געשעפט?
זייערע בעססערע יאָהרען פערבּראַכט פּיסט-אום-פּאַס
נאָר אויף עססען און קינדלען און אויסלעהרנען ש"ס!

רבּ נח'ס געשעפט העבּט אָן געהען קאַפּויר
דיא פּרנסה איז געשלאָגען, ער שטעהט זעהער שמאָהל;
וואָלט זיך עמיצער רעכטען, אַז אַ היינטיגען דור
זאָלל אַזעלעבע נסים געשעהן וויא אַ מאָל?!:
נאַ דיר פּליצעם גאר פּאַרעווע וועגען אָהן פערד...
—און באות אליהו-הנביא'ס פּייטאָן!
וואָס זיי פליהען וויא אַדלערס, און דײַקא אויף דער ערד,
נאָך מיט שופרות און ערוב'ס, און הייסט „אַייזענבּאהן"?
דער ערוב קלאַפּט בּריעף און דער שופר, אָ דער,
ריהפט צונויף דיא פאַרשוינען אַ הין און אַ הער.

און אבוואָהל אין ליטאַן איז נאָך דאָס ניט געשעהן,

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

הָאט עֶס דָאךְ שוין דֶער דָארְטִיגֶער פָּאטְשְׁט פִיעל גֶעשְׁטֶערְט:
פָּאדָארָאזְשְׁנֶעס דָארְט זַאנֶען שוין זֶעלְטֶען גֶעוֶועהֶן,
עֶשְׁטַאפֶּעטֶען, קוּרְיֶערֶען — פַּאסְט גַאנְץ אוֹיפְגֶעהֶערְט.
אוּנ מִיט אִיטְלִיכֶען טָאג גֶעהְט רֶב נֹחַ דֶערְאוּנְטֶער;
דִיא סוּסִים פֶערְקוֹיפְט שוין, קֵיין אוֹרְחִים גִיבְּט כְּלַל!
נִיט אַ קָאפִּיקֶע פִּדְיוֹן נִיטָא אַ גַאנְץ וִוינְטֶער, —
קָאם אֵיין טְרָאיְקֶע פֶערְד נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען אִין שְׁטַאלְל,
אַלְס אַ לֶעצְט שְׁטִיקֶעל פָּאנְד פִיר דֶער עֶלְטֶער בַּיי אַ נוֹיט...
„אוּנ אִיהְר, טְהַייֶערֶע קִינְדֶערְלִיךְ, גֶעהְט זוּכְט אַייךְ בְּרוֹיט"!

אַ דָא הֵייבְּט עֶס אָן הִילְלֶקֶע צוּ זוּכֶען בְּרוֹיט;
עֶר רַייבְּט זִיךְ דֶעם שְׁטֶערְן, עֶר בַּייסְט בָּארְד אוּנ פֵּאוֹת—
נִישְׁטָא קֵיין גֶעשֶׁעפְט חָאטְשׁ מַאךְ זִיךְ אַ
חָאטְשׁ שְׁפְּרִינְג אוֹיס דֶער הוֹיט, חָאטְשׁ גֶעה אָב מִיטְ'ן שְׁוֵוייֶעס:
פָאר סוֹחֵר — פֶעהְלְט אָפּוּט; מְלַמֵּד — אַ בְּרִיסְט;
פַאר אַ שׁוֹחֵט? — הָאט הִילְלֶקֶע גָאר מוֹרָא פַאר בְּלוּטט;
פַאר אַ רֵב'עֶל? — חוּץ פִּלְפּוּל אִיז עֶר דָאךְ גָאר פִּיסְט...
פַאר אַ חַזָן — פֶעהְלְט קוֹל. אַ בַּעַל-דַרְשָׁ'ן — פֶעהְלְט דִבּוּר;
פַאר שַׁדְכָן, צִי בַּדְחָן — אִיז הִילְלֶקֶע צוּ קְלִיג...
אוּנ אַזוֹי גְלַאט זִיךְ קָהָלְ'עֶן אִין צְרְכֵי-צִבּוּר?

## אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

דָאפִּיר זַאגֶען דָא שׁוֹין בַּטְלָנִים גֶ ע נ ו ג!...

דֶערְוַויל פְּלִיהֶען וָואכֶען, דִיא מָאנַאטֶען שְׁווִימְמֶען;
עֶס הֶעלְפְט גֶעגֶען מָאגֶען נִיט קֵיין שׁוּם עַקְשָׁנוּת..
אַוַודְאַי אַז מֶע פָּטוּר'ט דָאס בִּיסְסֶעל מְ ז ו מָ ן—
זָא הֵייבְּט מֶען אָן טְרָאגֶען פֶערְזֶעטְצֶען מַשְׁכָּנוֹת.
„נָא, וָואס וֶועט זַיין, הִלֵל"? פְרֶעגְט טַייבֶּעל אִיהְר תָּם—
„אָט, אָט קוּמְמט דָאךְ פוּן הוּנְגֶער אוּנְז אוֹיסְגֵעהֶען בַּאלְד"?
—כְ'הָאבּ בֶּעשְׁלָאסְסֶען צוּ פָאהֶרֶען מֵ.ע בֶ ר לַ יָ ם,
—מֶע דֶערְצֵאלְט, אַז דָארְט שַׁארְט מֶען מִיט לָאפֶּעטֶעס גָאלְד!
אֶפְשֶׁר וֶועט אֵ לִ יָ ה ו מִיר קוּמְמֶען אַ.ֶק ע גֶ ע ן—
—כְּ'הָאבּ זֶעהֶער אֱמוּנָה אִין אֵייבֶּערְשְׁטֶענְס גְבוּרוֹת—
אוּנ וֶועט מִיר אוֹיךְ בְּרֶענְגֶען אַזַא גְרוֹיסְס פֶערְמֶאגֶען,
—וִויא יֶענֶעם „אִישׁ חָסִיד", וָואס שְׁטֵעהְט אִין דִיא זְמִירוֹת...

אוֹי הִילְלֶקֶע! אוֹי טַייבֶּעל! אִיז דָאס גָאר אַ סְבָרָא!? ·
בְּעֶרֶעכֶענְט, וָואס טְהוּט אִיהְר? אוּם גָאטְט זַיינֶער וִוילְלֶען!:
אוֹיף בְּרֶעךְ גָ'ר פֶערְקוֹיפְט אִיהְר פִּי'ם טַלִית דִיא עֲטָרָה,
אוּנ דִיא זִילְבֶּערְנֶע בַּתִּים פוּן דִיא רַשִׁ"ס תְּפִלִּין;?
יָא, הִילְלֶקֶע אַלֵיין הָאט פֶערְקוֹיפְט זַיין כְּלֵי-קוֹדֶשׁ,
אוּנ אִיז אוֹיף דֶעם פִּדְיוֹן, שׁוֹין הָאבֶּער אַ חוֹדֶשׁ,

# איבער אַ פּינטעלע.

פון זיין ווייב און קינדער אוועק אין דער וועלט...
אויף טייבעל—איהר לעטצט ביסעל שמוק פאר העלפט פּרייז,
און געאפענט אַ קראמעל פון צעלניק און שפּייז,
אויף אַ ביסעל קרעדיט און אַ־קאפּעלע געלט.

אין דעם קראמעל זיטצט טייבעל וויא טאג, אַזוי נאכט,
קיקט הערוויס, אין דיא ברעננעדע היטצען און פרעסט,
מאטער האט ווער אַ דענישקע לאזונג געבראכט?...
היינט פערזארגען ריא קינדער, דיא שטיב - ניט פערגעססט!
אַ נאַ. זעהט נאר יענץ יונגעלע—אַ קינד פון זעקס יאהר—
וועלכעס געהט דארטען אַללע פרימארגען אין חדר:
ריין צעכטיג — אַ טאק, אַזוי זויבער און קלאר,
מיט אַ פרישטיק, מיט ביכלעך, פּאפּיר טינט און פעדער.
אַ קיק אויף דעם קינד נאר, זאגט שוין דער פערשטאנד,
אַז דא שטעקט איינע טרייע, אַ פלייסיגע האנד.

געהט זעהט נאך אַ שוועסטערעל זיינס, אין דער היים.
(ביידע איינליך, וויא צוויי גלייכע פּאגעליך.)
דיא מאמע פערקעמט. זיא, און טאקע אין דעם
קוועלט זיא אן אַזוי, קיקענדיג איהר אין דיא אייגעליך.

# איבּער אַ פּינטעלע.

קיקט אָן דאָס מַלְאַך'על, דאָס קליינע מיידעלע!
קיקט, וויא בּנמוס זיא שטעהט אויף איין אָרט
אונ קוועלט אָן פון דער מוטער אונ פון איהר ניי קליידעלע;
אונ מורמעלט דיא „מוֹדֶה" איהר נאָך וואָרט בּיי וואָרט:
„תּוֹרָה צִוָּה לָנוּ מֹשֶׁה מוֹרָשָׁה";
„כ'וועל פאָלגען דער מאַמעס אונ טאַטענס בּקשה".

לעבּעדיג יתומה'לע! „דעם טאַטענס בּקשה"?
וויא איז דען דער טאַטע? ס'יז אייך גאָר ניט קשה?—
ער זוכט דאָך גאָר ערגעץ אליהו'ן אצינד!
האָט אין אייך גאָר פערגעססען, פערלאָזט ווייב אונ קינד!
אינ'ם ערשטען יאָהר פלעגט ער האָטש זעלטען דערמאָנען
זיך אין זיי מיט בּריעף, צי אַ גריסס זיי געלאָזט,
אונ פון דאַמאָלס אָן ווילל ער זיי כּלל גאָר ניט קאָנען, —
אומזוסט לויפט אַלץ טייבּעל טאָג-טעגליך אין פּאָסט:
„איז ניטאָ פון מיין הילקען אַ בּריעף, אַ פּאַקעט,
אַ פּאַסילקע, אַ קאַרטעל, צי אפשר אַ גט"?

דיא צייט דערוויילע פליהעט וויא אַ פייל אויסען בויגען;
דיא אומ'שטענדע וועקסלען זיך אַלטע אויף נייע.
דריי זוממערס, דריי ווינטערס שוין איבּערגעפלויגען —

# איבער אַ פּינטעלע.

אונ טייבעל זיצט אַלס נאָך אַ-נ-אַלמנה חיה.
דער קאָפּ איהר דערשלאָגען, דאס הארץ—וויא אַ שטיין;
אָט פערליערט זיא באַלד גאָר איהר בטחון, אמונה!
מע ריהפט זיא שוין ניט גאָר ביים נאָמען אַליין
אָ, זיא האָט שוין אַ צונאָמען: „טייבעל דיא עגונה"[1]
אויף אָ דעם ערשט-געוועזענעם פאַרבילד פון קנאה,
קוקט יעדער שוין יעטצט מיט אַ נעבעך'דיגער מינע...

אונ לייטישע מיילער צובלאָזען דאס פייער;
עס פליהען שוין פּאַטשטשען, וואס גרוילען דאס לייב:
מע דערצעהלט גאָר, אַז הילקע איז געוואָרען אַ פרייער!
אַז הילקע האָט גענעהמען אַ נפקא אַ ווייב:
צי אַז הילקע איז גאָר אַ קאַרטיאָזשניק געוואָרען!
אַ טהייל זאָגען גאָר: אַ סקובענט, אַ מלומד!
אָט הערט מען גאָר: הילקע איז אין דיא אַקטיאָרען!
אונ איינינע זאָגען שוין גאָר: אַ משומד!
נאָזעטען ביי יודען איז נאָך ניט געוועהן,
מע זאָל קאָננען אָבלייקנען דיא בימענעקורעס:
אַוודאי מוז טייבעל אַלל'ס הערען אונ זעהען
אונ שווייגען, אונ לייען בזיונות אונ צרות.

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

וִויא אֵיין צָרָה, דָארְט מוּז אַ צְווֵייטָע גֶעשֶׁעהְן;
דַארְף גְרָאד דַאמַאלְס דִיא בְּשׂוּרָה פּוּנְקט טְרֶעפֶען אִין קַארְבּ:
אַז בַּאלְד הֵייבְּט אָן דֶער בַּאהְן אִין לִיוַואן אוֹיךְ צוּגֶעהֶען, —
רְבּ נחַ דֶערְהֶערְט, אוּנ מַאכְט פְּלִיצֶעם אַ שְׁטַארְבּ!
אָ דָא בְּלַייבְּט שׁוֹין נָאר טַייבֶּעל זָא עֶלֶענְד וִויא אַ שְׁטֵיין;
שׁוֹין נִישְׁטָא גָאר פוּן קֵיינֶעם אַ טְרֵאסְט חָאטְשׁ צוּ הֶערֶען.
זִיא וַוייזְט נָאךְ לְפָנִים אַ שְׁמֵייכֶעל, אַ חֵן,
אָבֶּער אוֹיף אִיהְר גֶעלֶעגֶער צוּגֵעהְט זִיא אִין טְהֶערֶען.
נָא, קִימְם זְשֶׁע, הִילְף! גִיכֶער. קִימְם בַּאלְד אוֹיף דֶער שְׁטֶעל!
וָוארֶען אָט וֶועט פוּן טַייבְּלֶען גָאר וֶוערֶען אַ תֵּל!..

טְהֶערֶען זַאגֶען דָאךְ נִיט קַיין וַואסְסֶער, קֵיין בִּיעֶר!
אָ, זֵיי וֶוערֶען וִויא פֶּערֶעל צוּזַאמְמֶען גֶעצֵאהְלְט.
טִיעפֶע זִיפְצֶען פָאם הֶערְץ זִינְד קֵיין סְקְרִיפּ פוּן אַ טִיעָר!
עֶס אִיז דָא דָארְט אַיין הוֹיעֶר, וָואס הֶערְט זֵיי, אוּנ הֵיילְט.
אוּנ אַז מֶענְשֶׁען מִיט בֵּאזֶע, מִיט פַאלְשֶׁע כַּוָונוֹת
פֶערְאִימְמֶערֶען לֶעבֶּענְס מִיט זֵייעֶרֶע עוּבְדוּת—
אִיז גָאטְט דָאךְ אַ פָּאטֶער נָאךְ פוּלְל מִיט רַחֲמָנוּת,
אוּנ נֶעהְמְט זִיךְ דָארְט אָן פַאר דֶעם עֶלֶענְדֶעס קְרִיוְודֶעס.
נָא, שְׁטַארְק זְשֶׁע זִיךְ, טַייבֶּעלֶע! הָאף, מַיין נְשָׁמָה.

# איבער אַ פּינטעלע.

פון גאָטס איז שוין גרייט פאַר דיין צער אַ נחמה.

## V.

אַוועק שוין דער ווינטער, דער פרילינג געקומען,
דאָס גרין-גראָזיג מאַנטעל איז שוין אויסגעוועבט;
שוין דער בויער צום אַקער און פלוג זיך גענומען,
און ווי נאָר אַ פּיסטעקע האָט שוין אויפגעלעבט.
אויך אין דעם ליוואַן האָט פערקאָכט אַ נייע לעבען:
די הכנות צום אייזענבאַהן לאָזען זיך שפּירען;
צו איטליכען ווינקעלע שוועבען און שטרעבען
אַגענטען, פּאָדראַטשיקעס און אינזשינערען,
וואָס קומען טאָג-טעגליך אַלץ נייע צו פאָהרען
און עפענען אַגענטסטוועס, ביוראָען, קאָנטאָרען,
און איינער, אַ ראש איבער אַללעס און גאָר,
איז שוין אויך אָנגעקומען מיט דער הויפּט-קאָנטאָר.

אַ יוד וואַר דער איינער. און ס'איז גאָר קיין ווינדער:
אַזעלעכס גיבט זעלטען הערויס די נאַטור.
(זיין נאָמען איז „פּאָביוס", אַ-נ-אַלמן אָהן קינדער,
און אַלט אין דעם ערך פון צוויי און דרייסיג יאָהר.)

# איבּער אַ פּינטעלע.

אַזוי שאַן וויא דיא זונן, העכט געזיטעט, סוליד,
אין כאַראַקטער אַ דימאַנט. שטעלט יעדען צופריעדען;
דער גלאַוונע דירעקטאָר – אַ קריסט, ניט קיין יוד –
(דערפאַר דיענען ביי איהם דײַקע נאָר לויטער יודען...)
האָט איהם נאָר געפונען פאַר איין איש בּטוח,
און האָט איהם בּעשטימט פאַר'ן אָבער משגיח.

דאָס שאָנסטע צוויי-שטאָקיגע הויז אין ליוואַן
האָט דער פאָביום פאַר הויבּט קוואַרטיר זיך אָבגענומען,
און גראָדע פון זיין קאַבּינעט דער בּאַלקאָן
איז פּינקט וויא-זאַ-וויא טייבעלס קלייט אויסגעקוממען.
זיין סדר-היום געהט אויף פאָלגענדען שטייגער:
אום זיבּען אוהר פריא זיטצט ער שוין אויף דער פּען,
זיין פריאָם איז פון אַכט אָן בּיז האַלב צעהן אַ זייגער;
אַ האַלבּע שעה-פרישטיק. און פונקט זייגער צעהן
געהט ער ויס שוין אין שטאָדט און איז אומעדום אוים;
הערום צוויי געהט ער מיטטאָגען לערך אַ שעה,
און אום דריי פאַהרט ער שוין אויף דער ליניע הערוים,
און ערשט 7 פאַרנאַכט גלייך אַ היים, שוין צור רוה.

זיין רוהע-צייט אַבענדס געהט אויך ניט פאַרפאַלען:

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

עֶר שְׁפִּיעלְט דַאמַאלְס פִּיעדֶעל, לֵעזְט צַייטוּנְג, זְשוּרְנַאלֶען,
פֶערְפַאסְסְט אָפְט אַלֵיין שֵׁאנֶע שִׁירִים, מַאֲמָרִים;
גַאנְץ אָפְט קִימְמֶען גֶעסְט זִיךְ צוּנוֹיף בַּיי אִיהְם גָאר,
אוּנ מֶע רֶעדְט פוּן פָּאלִיטִיק, פוּן בִּילְדוּנְג, מִסְחָרִים;
אַ מָאל—אִין שְׁטָאדְט-גַארְטֶען, בֶּעטְרַאכְט דִיא נַאטוּר.
אִין אַ טַאבֶּעל-טָאג שְׁטֵעהְט עֶר אַ שָׁעָה אוֹיפְ'ן בַּאלְקָאן
אוּנ בֶּעטְרַאכְט אַלֶע מֶענְשֶׁען, וָואס שְׁוֶועבֶּען אִין גַאסְס,
אוּנ נָאךְ אִיטְלִיכֶענְס מִינֶע, זַיין הוֹלֵךְ, זַיין טָאהְן —
שְׁלִיעסְסְט עֶר אִיבֶּער זַיין פַּאךְ, זַיין כַּארַאקְטֶער, זַיין קְלַאס.

אוֹיף אֵיין מָאל דֶערְזֶעהְט עֶר אַ פְרוֹיא, וְויא דִיא זִינְנֶע,
זִיטְצְט נֶעבֶּען אִיהְר קְרֵאמֶעל. אַקֶעגֶען זַיין מוֹיֶער;
עֶר מֶערְקְקְט, וְויא זִיא וַוייזְט נָאר אַ פְרֵיילִיכֶע מִינֶע
פַאר אִיהֲרֶען אַ קוֹנֶה, אוּנ אִיז ווירְקְלִיךְ פָאלְל טְרוֹיֶער.
אוֹיף אֵיין הַאנְד אִיז שְׁטֶענְדִיג אִיהְר קָאפּ אָנְגֶעשְׁפַּארְט,
אוּנ דִיא צְוֵוייטֶע אִיז פֶערְפָארְעט מִיט קִינְדֶערְלִיךְ צְוֵויי;
עֶר פֶערְשְׁטֵעהְט עֶס אוּנ פִהִילְט, ווִי זִי לִיעבְּט זֵיי זָא צַארְט
אוּנ עֶר זֶעהְט אִיהֲרֶע טְהְרֶערֶען זִיךְ קוֹיקְלֶען אוֹיף זֵיי.
אוֹיף זַיין פְרַאגֶע: „וֶוער אִיז אָ דִיא שֵׁאנֶע קַארְטִינֶע?"
בֶּעקִימְמְט עֶר דִיא אַנְטְוָוארְט: „ס'יז טַייבֶּעל דִיא עֲגוּנָה".

# איבער א פינטעלע.

דער אייבערשטער האט זיך ש ל ו ח י ם א סך
אויף צו נאגען און פלאגען דעם מענש אויף דער וועלט:
ווי צרעת'ען, חלאת'ען פון א ל ל ע ר ל י י פאך,
אויך פון שרפות, מגפות, דארשט, הונגער און קעלט,
חוץ בזיונות, יסורים און דלות און שרעקק,
און מסירות. בלבולים און טויזענדער שלאקק!
נאר נאך איין מכה האט ער זיך אויף דער מדינה,
וואס געגען איהר ז א נ ע ן ד י א א ל ל ע כלא:
יא, זיא הייסט מיט דעם שרעקקליכען נאמען „עגונה“,
און טרעפט נאר בעזאנדערס דיא ליטווישע פרוי!

דיעזע אנטוואורט האט פאביוס'ן שרעקליך געקראנקט,
עס האט איהם אויף דעם ווייבעל זיין הארץ אויסגעריסען;
ער האט גוט איהר לאגע בערעכענט, בעדענקט,
און בעשלאססען, איהר לעבענסבעשרייבונג צו וויססען
פון איהר מויל אליין—און בעזוכט שוין איהר קלייט,
האט געקויפט עפעס סחורה, און פערגאנגען מיט רעד,
זיך געמאכט כלא-ידע, גאנץ קאלט, תם'עוואטע...
און פון איהרע אנטווארטען איטליכעם וואָרט,
האט איהם פעסט איבערצייגט טאקע באלד אויפ'ן ארט,

# איבער אַ פינטעלע.

אַז דאָס וואָלגערט זיך נאָר אַ בערליאַנט אין דער בלאָטע!...

אונזער פאָביוס איז שוין ניט געשלאָפען די נאַכט,
נאָר אומזוסט זיך אויף אַללע פיער זייטען געקעהרט!
דער עגונה׳ס געשטאַללט האָט זיך אַלס איהם געדאַכט
אונד געדוּיבט זיינען שלאָף, זיינע רוה איהם געשטערט...
נאָר אויך טייבעלעס אויג האָט קיין דרימעל בעריהרט:
סטייטש, דאָס ערשטע מאָל היינט, אין איהר ביטערער לאַגע
האָט פּליצעס איין עדעלמאַנן זיך אינטערעסירט,
זיא צו פרעגען, צו וויססען איהר פאַמיליען-פראַגע!...
דיא פרימיטע צוויי זעעלען, נאַיוו וויא דיא שאָאף —
האָבען כּלל ניט געשפּירט, וואס זיי שטערט זייער שלאָף?...

פאָביוס געהט אָפטער צו טייבעלען אין קראַמעל,
(אַזוי, אונטערוויילעכּס, פערשטעהט זיך מ מ י ל א...)
ער קויפט ביי איהר פענעס, אַ קאַמטשעל, אַ רייטעל,
אונד קויפט אין איין וועגס זיך איהר הערץ אונד איהר זעעלע...
פאַוואָליע, פאַוואָליע האָט זיא איהם שוין אַללעס
דערצעהלט פון איהר לעבען פון אָנפאַנג ביז יעטצט:
וויא דער מאַנן איהרער האָט זי, אין מאַנגעל, אין דלוּת,

# איבער אַ פּינטעלע.

געלאָזט מיט צוויי קינדער אין עלענד ביז לעצטס,
און אַז, לויט זי האָט געהערט, איז אַ סברא, אַז איהר דאַליע
דאַרף יעצט זיך געפינען אינ'ם כּרך ליווערפּאָליע.
גראדע האָט דאָרט פּאַביוס געהאט איין אַגענט,
וואס ער ליפערט איהם רעלבע, אַהערצו פון דאָרט;
אָ דאָ האָט ער זיך שריפטליך צו אים באַלד געווענדעט,
און האָט פון איהם בעקומען דיא פאָלגענדע אַנטוואָרט:
„יאָ, הילל, דער זוהן פון דעם מוכּסן רב נתן
„איז היע אַ חוזיזצער; עס געהט איהם זעהר שלים;
„אַצינד גרייט ער זיך צו צו דעם שיף „לייתן",
„וואס געהט קיין אַמעריקא אין צעהן טאָג הערום.
„מכּוח אייער בּקשה האָב אי: מיט איהם גערעדט,—
„פאַר אַ זעקסהונדערט רו"כ וועט ער שיקען אַ גט".

פּאַביוס האָט טייבלען פו: גאָר ניט דערמאַהנט,
און דאַט גלייך צום אַגענט דיפּעשירט אויגענבליקק:
„איהר זאָלט הילקען באַלד גיבען דעם סך אויף מיין קאָנט,
„נאָר איהם האַלטען אין וואָרט, אויף ניט האַבען צוריקק"!
אַ דראַט-אַנטוואָרט לויטעט פון ר"אש חודש אָב:
„עס איז אַלעס געאָרדנעט; מיט גאָטט'ס הילף און כּוח

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

„הָאט הִלֵל בֶּן נָתָן בַּיים הִיעזִיגֶען רָב
„הַיינְט גֶעגִיבֶּען אַ גֶט פִיר דֶער טויבֶּע בַּת נֹתַ.
„דֶעם גֶט פִיהְרְט דִירֶעקְט אַ שָׁלוּחַ פִּי״ם מַאנְן,
„מִיטְן רָב׳ס גְבִיהַת-עֵדוּת צוּם רָב פוּן לִיוַואן״.

דִיא רֶגַע לויפְט פָּאבְּיוּס צוּ טַייבְּלֶען אִין קְלֵייט.
אוּנ עֶר שְׁרַייט פוּן גְרוֹיס שִׂמְחָה דִיא וֶוארְטֶער קָאם אוֹיס:
„שׁוֹין אַרָאבּ פוּן אַייךְ, טַייבֶּעל, דִיא אַייזֶערְנֶע קֵייט!
„אָ, אִיהְר זָאנְט שׁוֹין פוּן הִילְלֶקֶעם אַחֲרָיוּת הֶערוֹיס״!
אַזוֹי רֶעדֶענְדִיג פַאלְלְט עֶר אִיהְר שׁוֹין צוּ דִיא פִּיסְם,
אוּנ עֶר בֶּעט זִיא אִין טְהֶערֶען זָא הֶערְצְלִיךְ, זָא טְרַיי:
„מַיין טְהַייֶערֶע טַייבֶּעל! אָ טַייבֶּעל מַיינְס זִיסְם!
„לָאז פָאן יֶעטְצְט אוּנְז עֶרְשַׁיינֶען אַ נַיי לֶעבֶּענְס-מַאי!
יַא, אִיךְ לִיעבֶּע דִיךְ שְׁטַארְבְּלִיךְ, דוּא זָאג נָאר„ בִּיסְט מַיין״
„אָ, דַאן קָאנְן שׁוֹין קֵיין גְלִיקְקְלִיכֶערְס פוּן מִיר נִיט זַיין״!

אַוֶועקְט, סְטָאטְסֶקֶע גַבַּאי׳טֶעס, סֶעדֶעבֶע-וַוייבֶּער!
רְכִילוּת׳נִיצֶעס. שְׁנָארֶערְקֶעס, וִוינְקֶעל-שְׁפִּיאָנֶען!
אַוֶועקְט, אִינְטְרִיגַאנְטֶען, כַּטָעוּת׳לִיךְ-טְרַייבְּער,
צְבוּעַ׳קֶעס, גָאטְס׳ס סְטְרַא-טְשֶׁעס. אַוֶועקְט בַּאלְד פוּן דַאנֶען!
אַלְם פֶּרֶעמְד נָאר פוּן לִיעבֶּע-שְׁפְּרַאךְ אוֹיף וִוינְגֶן פִיעֶר —

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

קָאנְנְט אִיהְר זִיכֶער נָאךְ אָנְפִּיהֶרֶען וֵוייסְט וָואס דֶער רוּחַ,
קָאם דֶערְהֶערְט אִיהְר בַּיי טַייבְּלֶען פוּן יֶענֶער זַייט מִיעֶר,
אִיהֶרֶע צֶארְטְלִיכֶע אַנְטְוָוארְט דֶעם אָבֶּער-מַשְׁגִיחַ:
„דֶער פְּרֵייז קוּמְמְט דֶעם הֶעלְד! בִּין אִיךְ אוֹיס אֵשֶׁת-אִיש—
„זָא גֶעהֶער אִיךְ נָאר דִיר"!—אוּנ זִיא טְהוּט אִיהְם אַ קוּשׁ

נָאךְ גַאנְצֶע פִיעֶר וָואכֶען דַארְף דוּיעֶרֶען דִיא רַייזֶע.
גֶעוֶועהְנְלִיךְ, פוּן לִיוֶוערְפָּאל בִּיז קִיין לִיוַואן:
(סַייִדֶען עֶמְוָואס אַ-נְ-עִכּוּב, צוּ פֶאלְלִיגֶער וַוייזֶע)
צְוֵוי וָואכֶען מִיט דַאמְפְּ-שִׁיף אוּנ צְוֵוי מִיטְ'ן בַּאהְן.
פוּנְקְט וִוי סְפִירָה הָאט דָאס פֶּארֶעל גֶעצֵאלְט אָ דְרִי טַאג,
אוּנ דֶערְוַוייל, מִיטְ'ן מָאהְלֶען זִיךְ דָאס קוּנְפְטִיגֶע גְלִיקְק,
וָואס זִיא פַארְשְׁטֶעהְט אוֹיף זֵייעֶרֶען נַיי לֶעבֶּענְס-וֶועג,—
בְּלִיהְט אוֹיף טַייבֶּעל גָאר נַיי, וִויא אַ בְּלוּמְמֶע צוּרִיקְק.
אוּנ אַזוֹי וִויא מִיר, יְהוּדִים, עֶרְוַוארְטֶען מָשִׁיחַ,
אַזוֹי הָאט דָאס פָּארֶעל דֶערְוַוארְט דֶעם שָׁלוּחַ!

פָּאבִּיוּס הָאט שׁוֹין בֶּעקְלֶערְט פְרִיעֶר אַ פְּלַאן,
עֶר זָאלל אָנֶנְעהְמֶען זֶעלְבְּסְט אַ פָּארְדַאר אוֹיף אַ בַּאהְן,
קָאם עֶר וֶועט פוּ זַיין פָּאסְטֶען דָא וֶוערֶען נָאר לוֹיז,
אוּנ דַאן וֶועט עֶר, מִיט טַייבְּלֶען, וִויא פְּרִייז אוּנ פְּרִיצָה,

# איבער א פינטעלע.

בעזעטצען זיך וואהינען גלייך אין דער סטאליצע,
און אויפפיהרען דארט א גרויסארטיגעס הויז...
טייבעל טהייעט און קוועלט גאר פון זיין פאנטאזירען,
און האט אויך פון איהר זייט בעשלאססען אזוי:
אונבעדינגט גיעט זיא אב איהרע קינדער שטודירען,
און אליין מוז זיא ווערען א וועלטליכע פרוי
דוריך לעהרנען זיך שפראכען, אויך זינגען און שפיעלען;
בכלל עטוואס האבערס צו דענקען און פהילען...

דערווייל האט מען גראדע אין א צייטונג געלעזען,
אז דיא שיף „לויתן" איז גאנצליך דערטרענקען;
קיין איין פאסאזשיר איז פאם טויט ניט גענעזען;
דיא שיף איז אינגאנצען אין אבגרונד פערזונקען!
אודאי האט טייבעל גרויסס מיטלייד געהאט
מיט איהר מאנן, וואס איהם האט אזא אונגליק געטראפען,
און האט דאך אין הערצען געדאנקט, געלויבט גאטט,
וואס ער האט איהר רפואה פאר דער מכה געשאפפען,
דען יעטצט, ווען ניט פאביוס, וואללט זיא על פי דינא,
געמוזט שוין פערזיטצען אין איביגע עגונה!

פונקט ערב שבת פון פרשה כי תבא.

# איבּער אַ פּינטעלע.

(אַך, וויעדער דיא סדרא פון תוכחה גראד!)
איז מיט גליק דער שלוח געקוממען, ויבוא!
נאר ליידער צו שפּעטליך, דער רב שוין אין באַאד...
און מע האט קאם אויף זאנטאג דיא זאך אבגעבעטט.
נאר דערווייל איז געווארען אַ קלאנג אין ליוואַן:
"אונזער טייבעל, דיא עגונה, האט בעקוממען אַ גט,
און זיא מאג שטעללען חופּה-אַביא נאר אַ מאנן"...
דאס פערשטעהט זיך ממילא, דערפון איז קיין רעדע—
אַז פּאָביוס מיט טייבלען צוגעהן זיך אין פריידע!

נאר האט דען בטחון מעהר ווערט אַלס אַ בלאָז,
ווען דער שקר פערלעגט זיך אַ געטץ צופערשפּרייטען?
צי ווייסט דען דאס ווארמעל, וואס קריכט זיך אין גראָז,
דוריך ווענמען עס ווערט נעביך פליצעם צערטרייטען?...
אַז גאטט איז אַ פאטער שוין פולל מיט רחמנות,
און ווילל זיך אננעהמען דעם עלענדעס קריוודעס—
זא קיממען צבועיקעס מיט פאלשע כונות,
און שטערען זיין חסד מיט זייערע עובדות...
אָ, וויין, בּידנע טייבעלע, וויין מיין נשמה!
דיין בראך איז שוין צוגעגרייט פאר דיין נחמה!..

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

## VI.

אַ מָאל, ווֶען לַמְדָנוּת הָאט בַּיי יוּדֶען גֶעשְׁפִּיעלְט
אַיינֶע רָאלְלֶע פוּן הֵיילִיגְטְהוּם, נִיט נָאר גֶעגִילְט
אַלְס אַ מִיטְטֶעל פִיר כָּ ב וֹ ד, פִיר פְּרָאפֶעסְסִיאָן;
דַאמַאלְס הָאבֶּען מִיר יוּדֶען גֶעהֶארְט, גֶעווִיסְסְט נָאר
פוּן אַ צְווֵיי-דְרַיי גֶעצֵאהְלְטֶע גְאוֹנִים אִין אַ דוֹר,
ווֶעלְכֶע יֶעדֶער ווַאר ווִירְקְלִיךְ אַ גֶאטְטְלִיכֶער מַאנְן.
אָבֶּער הַיינְט שְׁטִיפְּט זִיךְ אִיטְטְלֶעכֶער רָב אִין דֶער פָּאהְן,
אוֹיךְ אַ מִינְדֶסְט לַיאדֶע רֶבֶ'על מוּז הֵייסֶען הַיינְט „גָאוֹן"
מֶע לֵעגְט זֵיי נָאךְ צוּ הַיינְט יַארְלֶיקְעס אַלְס שִׁילְדֶער;
אוּם זֵיי צוּ סָארְטִירֶען, ווִיא סְ ח וֹ רָ ה פַאר קוֹנִים:
דֶער „לֶעכְטִיגֶער" גָאוֹן, דֶער „גְרוֹיסֶער", דֶער „ווִילְדֶער",
דֶער „שַׁארְפֶער", דֶער „פְלַאקֶער", דֶער „רֹאשׁ כָּל הַגְאוֹנִים"..

פֶערְשְׁטֵעהְט זִיךְ, דִיא גְרוֹיסְסֶע לִיוַואנֶער קְהִלָּה
מוּז הָאבֶּען אַ גָאוֹן גָאר א וֹ י סְ ס ֶ ע ר נַ א ט וּ ר...
אוּנ זִיא הָאט אִיהְם פָּאצְיַאפֶּעט אַ פְרֵייד, אַ גְדֻלָּה!
עֶר הֵייסְסְט מִיטְ'ן נָאמֶען „רָ ב דָ ן כַ א לַ י י ב וּ ר".
מֵיילָא „דָן" דַארְף עֶר הֵייסֶען נָאךְ זַיין מַאמֶעס פָּאטֶער, —

# איבּער אַ פּינטעלע.

פון וואַנען זשע נעהמט זיך דאָס וואָרט „באַלייבור"?
איז דאָס וואָהר, אַז זיין טאַטע שטאַמט גאָר פון אַ טוּטער...?
דאָס קאָנען מען עד היום ניט וויסען אויף קלאָר...
סיי וויא סיי זאָגט דער תּלמוד, אַז בעת דיא מהומות,
האָט מלך סנחריב פערמישט אַללע אומות...

נאַ, מיילא איז רב דן, על פּי תּלמוד שוין פּטור...
אַ האַרץ האָט ער אָבער דאָך פאָרט פון אַ טוּטער!
געשטאַ אין איהם אַ פונק פון אַ י ו ד ע ש געמיהט:
אויף אַ יודענם אַ שאָדען האָט ער קיין רחמנות,
צו פּסק'נען „כּ ש ר" איז ביי איהם סכּנות...
נאָר אסור'ען, טרפה'ן און פּסל'ען א י ז ג ו ט!
און חאָטש ער איז ניט אַזאַ בּקי אין הוראָה —
דאָך קראַצט ער אויס ערגעץ אַ דעה, אַ סבּרא,
אַביא נאָר צו פּסק'נען יענעם ל ר ע ה...
און הייסט אונטער גאונים דערפאַר „חד בּדרא"!

אַם זאָנטאַג, יום ראשון פון פּרשה נ צ ב י ם,
זיטצט שוין רבּי דן'עק מיט נאָך צוויי ד י נ י ם;
אַ דין האָט געעפענט דעם פּאַק מיט מכתּבים,
און קוקט דעם גט איבּער נאָך אַללע ס מ נ י ם.

# איבער אַ פּינטעלע.

„אַ כּשר׳ער גט. — זאָגט דער דין — אַנטיק!
„אָ דאָ שטעלל זיך, שלוח. אַקעגען דער גרושה".
רב דן האָט געוואָרפען אין גט נאָר אַ קיק,
און שרייט אויס צום שלוח: „טרייט אָב פון דער אשה.
„פון בשר ביז בשר איז איין אונטערשיעד;
„קוקט אייך צו צום וואָרט „הלל" דאָ פעהלט דאָך אַ יו"ד!"

דער דין דערוייזט פון פיעל פוסקים מיט ראיות,
אַז „הלל" קוממט נאָר אָהן אַ יו"ד אומעדאום:
אויף דער צווייטער זאָגט פשוט „ס׳איז גאָר ניט קיין נייעס,
צי מיט אַ יו"ד, אָהן אַ יו"ד — איין בכך כלום"*)
נאָר רב דן ברענגט אַ ראיה, דעם ז"ם מיט׳ן ס"ם,[15]
אַז זיי פּסק׳ענען נאָר מיט אַ יו"ד — און לאָזט אויס:
„מוז מען זאָגען לחומרא, וויא זיי מן הסתם;
„דאָס אחריות פון גטין איז אונגעהאַהר גרויסס!
„אשת-איש איז פאַר אַללע חטאים אַ חטא.
„אָ, איין רחום בדין. עס איז פּסול דער גט!"

אַז ס׳וואַרפט זיך הערויס ביי אַ מענש אויפ׳ן לייב
אַ צרעת, אַ מכה, אַ בלוטטער, אַ ווינד—
אַזוי ריהפט מען אַ דאָקטאָר און ער טהיט אַ שרייב,

*) מאַכט ניט אויס.

# איבער אַ פּינטעלע.

איז שוין דא איינע האָפנונג צו ווערען געזונד.
אויך ווען איינער איז געגען געזעטץ אַ פערברעכער,
אונ ווערט שוין פער'משפּט אין איין געריכטס-הויז—
האט ער רעכט זיך צו קלאָגען נאָך האָבער אונ האָבער,
אונ אָפּפּען, ער זאלל נאָך אַ מאָל ווערען לויז.
נאָר אַ פּסק, וואס אַ רב האט איין מאָל אויסגעשטעללט—
דערצו העלפּט שוין ניט קיין אַפּעלאַציע אין דער וועלט!

וויא פון טויזענד קאַנאָנען אַ שאָס אין איין קלאַפּ,
האט דער פּסק אונזער טייבלען פּריטשמעליעט דעם קאָפּ!
(אַ כּטעות: איהר גילדענע האָפּענונג ווערט
נאָר אין איין הערץ אַ כּראָך, אַ תּל-עולם...)
נאָר איין ווילדען קוויטש האט מען פון איהר געהערט—
אונ זיא ליגט שוין אויף דר-ר-ערד וויא אַ לעמענער גולם...
דער קהל'ישער שמש — אויף רב דן'דעקס בעפעהל—
האט אין הקדש פערשלעפּט דאס האַלב-טויטע געמאהל.

דער עולם הערום איז געבליבען פערטוממעלט,
אַ יעדער—אויס מיטליד—שפּרינגט שיר אויס דער הויט;
אויך דיא קאַלטע אָרטאָדאָקסען האָבען אונטערגעמימעלט:
„דער טוטערשער פּסק איז פאַר טייבלען אַ טויט"!

## אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

אוּנ אִין שְׁטָאט הָאט דֶערְוַוייל שׁוין גֶעלַיארֶעמְט, גֶעשְׁרִיגֶען:
„אַצִינְד בְּלַייבְּט שׁוין טַייבֶּעל אַ־נְ־אֵייבְּ׳גֶע עֲ ג וּ נָ ה״!
אוּנ פָּאבְּיוּס הָאט אִין זִיךְ גֶעקְרֵאנְקְט—נָאר גֶעשְׁוִויגֶען...
עֶר ווַייסְסְט, ס׳וֶועט נִיט הֶעלְפֶען ־קַיין תְּקִיפוּת, ־קַיין תְּחִנוּנָה...
אַ צַייט הָאט דִיא שְׁטָאדְט מִיט דֶער מַעֲשֶׂה גֶעקְלוּנְגֶען:
אִין פָּאלְק אִיז הֶערוֹיס אָ דָאס וֵוויינֶענְדִיג לִ י ע ד:
„אָ, דִיא אוּנְגְלִיקְלִיךְ וַוייבֶּעל! דַיין מַאנְן הָאט דֶערְשְׁלוּנְגֶען
„אַ כְוַואלְיֶע אִין יַם; דִיךְ—אַ פִּ י נְ טֶ ע לֶ ע יוּ״ ד״...

# VI.

פוּן אַ שְׁטֵיינְדֶעל, אַ בֵּיינְדֶעל, אַז מֶע וַוארְפְט אִין אַ טַייךְ,
חֵייבְּט אָן וִויעגֶען דָאס וַואסְסֶער אִין דֶעם אוֹיגֶענְבְּלִיקְק
אָבֶּער בַּאלְד וֶוערְט עֶס וִוידֶער וִויא פְרִיעֶר אַזוֹי פְלַאךְ!
אַזוֹי גְלַאטְט, וִויא אַ שְׁפִּיעגֶעל פֶערְצוֹיגֶען צוּרִיקְק;
אָ דָאס זֶעלְבֶּע גֵעהְט פָאר אוֹיךְ אִין דֶעם לֶעבֶּענְס־מֶעער;
אִין פֶערְלוֹיף פוּן דְרַיי מָאנַאט הָאט אַלְל׳ס זִיךְ פֶערְגְלֶעט;
דָאס לִיוַואן פִּיהְרְט זִיךְ וִוידֶער־זַיין שְׁטֵייגֶעד וִוי גֶעהֶער...
אוּנְזֶער טַייבֶּעל פֶערְלָאזְט שׁוין אִין הֶקְדֵשׁ אִיהְר בֶּעטְט.
אִיהֶרֶע יוּגֶענְד־קְרַאפְט עֶנְדְלִיךְ הָאט גוֹבֵר גֶעוֶועהְן
אִיהְר גֶעפֶאהְרְלִיכֶע קְרַאנְקְהַייט—זִיא הֵייבְּט שׁוין אָן גֶעהֶען.

# איבער אַ פּינטעלע.

דיא צייט פון איהר קראנק האט מען זיא ניט פערלאזט,
עס האט יעדען בעריהרט, עס האט יעדען געקאסט
דיא דאקטורים, רעצעפּטען אונ אַלל'ס וואס נאר מאגליך.
אַ יעדער אין שטאדט האט אויף טייבלעך געפּרענט,
סטאטסקע גבאי'טעס האבּ'ן איהרע קינדער געפּלענט,
דער שפּיטאל-גבּאי אַליין האט בעזוכט זיא טאג-טאגליך.
נישמעהר, וואס קאנן שוין העלפען געטריישאפט, רחמנות
צו פאַססט אַ פערשטארבענעם, לעהמענעם גולם?
וואס קאננען שוין וויררקען דען חסדים, ישרנות
אויף דעם, וואס זיין לעבען איז איהם אַ בית-עולם?...
וואס העלפט שוין דאס שמירען מיט קאלעך אונ זאנד
צו דעם פלעקק, וואס עס קלעפּעט זיך אן אין אַ וואנד?...

פרנסה זוכט טייבעל שוין באלד נאכ'ן טיף,
(דען איהר קראמעל איז לאנג שוין פערקערט מיט'ן שטויב)
אונ אינמיטטען דעראינען בעקוממט זיא אַ בריעף
מיט דיא פאלגענדע ווארטער: „מיין טהייערע טויב!
„אַז דו קאנסט שוין אין קיינען פאל מעהר ניט זיין מיינע;
„אַז דאס שיקזאל האט יא אונז אויף אייביג צערשפּאנט—
„טא ערלויב זשע מיר חאטשע, דו זאלסט אַלע דיינע

# איבער א פינטעלע.

„בעדירפניסס' בעקומען בסוד אויף מ י י ן ק א נ ט:
„א, נאר דאן וועל איך קאנגען צו עטוואס נאך שטרעבען,
„אז דוא וועסט פערזארגט זיין מיט מיטטעל צום לעבען".

„ניין, גוטער פאביוס, קיין פארעם, קיין האאר"!
האט אידם טייבעל געענטפערט מיט פעסטען בעשלוס:
„איינע פרוי פון איהר מאנן איז א-נ-אנדער זאך גאר,
„אבער ניט פון קיין פרעמדען, פערשטעהסט אליין דאס...
„קאם צו לעבען אינאיינעם איז אונז ניט בעשערט,
„מן השמים ווילל דאך גאטט אזוי, דארף עס זיין ליעב!
„און דער גאט וואס וועט צאהלען דיר נאך דיינען ווערטה,
„וועט געוויסס ניט פערלאזען אויך מיך מיט מיין שטוב!
„איך וועלל הארעווען, ליידען און טראגען דעם עול
„אבער נעהמען ביי א פרעמדען—דאס ניט, אין קיין פאל!"

„ווילל גאטט אזוי" א, דוא ערבארמיגער פאטער!
וואס נאר פאר א-נ-אומרעכט, דאס שרייבט מען דיר צו,
און דו, נעהמסט אויף זיך אלץ ווי א צארטליכע מוטער
און דולדעסט און שווייגסט, גלייך וויא ס'יז טאקע דוא...
אין דעם נאמען פון גאטט האט, מיט אייגענע האנד,
איינסט א פאטער געבראכט פאר א קרבן זיין קינד;

# איבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

אִין דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט הָאבֶּען פְּרִיסְטֶער פֶערְבְּרֶענְט
מִ י לְ לִ י אָ נֶ ע ן נְ פַ שׁ וֹ ת פַאר אֵייגֶענֶע זִינְד...
אִין דֶעם נָאמֶען פוּן גָאטְט הָאט רֶבּ דָן זִיךְ פֶערְגִינְט,
דְרַיי נְפַשׁוֹת פֶערְמוּטְשֶׁען פַאר אֵיין קְלֶעקְעל טִינְט!...

דְרַיי מָאנַאט אִיז טַייבֶּעל קָאם דוּרְכְגֶעקוּמְמֶען,
(אוֹיךְ פָאבְּיוּס אָוֶועק לַאנְג, מְ'וֵוייסְסט נִיט וְ וּ י הִ י ן;)
אַלֶלֶע אִיהְרֶע בַּעל-טוֹבוֹת פוּן אִיהְר זִיךְ צוּ שְׁוֶוייגְמֶען;
אַ יֶעדֶער הָאט גֶעבִּיךְ... פַאר זִיךְ וָואס צוּ טְהוּן.
נָאר דִיא קְלוֹיזְנֶער בַּחוּרִים אוּנ גְלַאטְט לֶעדִיגְגֶעהֶער
דִיא הָאבֶּען זִיךְ אַלְץ נָאךְ אִין אִיהְר נִיט גֶעקְהִילְט,
אַלְץ גֶעשִׁילְדֶערְט, גֶעשִׁימְפְּפְט „דִיא עֲגוּנָה אִין שְׁלֵייעֶר",
„וָואס הָאט מִיטְ'ן דַייטְשֶׁעל זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעשְׁפִּיעלְט..."
פִי'ם וָוארְט פָאבְּיוּס וֶוערְט „פַייוִויש", „וַוייבִּישׁ" אוּנ „טַייבִּישׁ"
אוּנ פוּן דֶער עֲגוּנָה וֶוערְט שׁוֹין „אֵ שֶׁ ת - אִ י שׁ"...

דִיא לִינְיֶע אִין לִיוַואן אִיז גֶעעֶנְדִיגְט בִּיז'ן עֶק;
עֶס קוּרְסִירֶען שׁוֹין צוּגֶע מִיט אַ וָואס אַ טָאג בֶּעהְר!
אוּנ זֵיי בְּרֶענְגֶען אוּנ פִיהְרֶען מִיט זִיךְ שׁוֹין -וֶועק
מִ י לְ לִ י אָ נֶ ע ן פַארְשׁוֹינֶען אַהִין: אוּ נ אַ הֶ ע ר
דִיא בַּטְלָנִים פֶערְגֶעסְסֶען שׁוֹין אִין דֶער עֲגוּנָה,

# אִיבֶּער אַ פִּינְטֶעלֶע.

מֶע קְלֶעהֶרְט שוין וֶועגֶען דֶעם כֹּחַ פוּן דֶער פַּארֶע...
עֶס בְּלַייבְּט בְּהֶסְכֵּם־כְּלָם, אַז דִיא פַּאר־מַאשִׁינֶע
אִיז נָאר פוּנְ׳ם הִימְמֶעל גֶעפַאלֶענֶע כְּ מַ א רֶ ע
וָואס רַייסְט זִיךְ צוּרְרִיק אִין אִיהְר רוּהֶ אַרַיין גִיכֶער—
דָאס שְׁרַייט זִיא אוּנ סַאפֶּעט אוּנ פְלִיהעט וִויא אַ וִוייכֶער!

*　*

*

וֶוען דֶער צוּג שְׁטֶעלְלט זִיךְ אָפּ בַּיים וַואקְזַאל אִין לִיוַואן,
אַזוֹי זֶעהְט מֶען שוין שְׁטֶעהֶען אַ גַאנְצֶע שֶׁערִיינְגֶע
מִיט אֶרֶעמֶע וַוייבֶּער בַּיי יֶעדֶען וַואגָאן,
מִיט גֶעבֶּעקְס אוּנ מִיט הוּיכְּס, אוּנ צְוִוישֶׁען דֶער מֶענְגֶע
אִיז שְׁטֶענְדִיג צוּ מֶערְקְקֶען אַ בֶּעשַׁיידֶענֶע פְרוֹי
אַ סִימְפַּאטִיש גֶעזִיכְט מִיט אַ פָּאאָר בְּלוֹיֶע אוֹיגֶען;
אוֹיפְ׳ן קוּק אַ יוּגֶענְד, אוּנ דָאךְ אַלְט אוּנ גְרוֹי,
אִיהְרֶע בַּאקְקֶען פֶערְשְׁרִימְפֶּעֶן, דֶער רוּקֶען גֶעבּוֹיגֶען,
אוּנ נֶיבֶּען אִיהְר שְׁטֶענְדִיג צְוֵויי קְרַאנְקְלִיכֶע קִינְדֶער,
אִין שְׁמַאטֶעס, אִין לַאטֶעס, נָאר שֵׁאן—אַ גָאטְט׳ס וִוינְדֶער!

„זָאג: וָואס הָאט עֶס דִיךְ צוּ דֶער לַאגֶע גֶעבְּרַאכְט?
„דַיין גֶעזִיכְט וַוייזְט גָאר נִיט פוּן קֵיין סֶעדֶעכֶע אוֹיס!
„הָאט עֶס גָאטְט, צִי אַ מֶענְשׁ דִיךְ אוּמְגְלִיקְלֶעךְ גֶעמַאכְט?
דוּרֶעךְ וֶועמֶען אִיז גֶעבִּיךְ בַּיין בְּרָאךְ אַזוֹי גְרוֹיס?"

# איבער א פינטעלע.

—„א, ניין! ניט פון גאט! ער האט דייקא צו פיעל
—„מיך בעגאבט מיט דעם אללעמען וואס מענשען געפעלט;
—אויך דאס מזל האט געפריוועט זיך מיט מיר טהין א שפיעל—
—און האט מיר א גן־עדן געאפענט אויף דער וועלט!
„נאר מיך האט א שטן פערפאלגט אויף מיין סליער:
א, מיך האט דערטרענקען א פינטעלע יו״רו״



## בעמערקונגען:

אין חכמה לאשה אלא בפלך. (יומא דף ס״ו).
שער וקול באשה ערוה. (ברכות דף כ״ד).
אשה חמת מלא צואה . . . (שבת דף קנ״ב).
אסור להסתכל בפני אשה. (ברכות דף מ״ב).
הנחש הטיל זהומא בחוה. (שבת דף קמ״ו).
אין אשה אלא לבנים. (כתובות דף נ״ט).
ההולך בעצת אשתו נופל בגהנים. (סוכה דף נ״א).
אשה קרקע עולם היא. (סנהדרין דף ע״ד.)
ארבעים יום קודם יצורת הולד וכו׳. (סוטה דף ב״.)
אזעלכע עלעקטרישע גראזליך „טל ארות טליך״.
א לעגענדע איבער דעם מיסד דעם ברוך רוים.
כל ההולך בקומה זקופה. וכו׳. (ברכות דף מ״ג.)
וויא רש״י מאכט אין פרשה לך לך (י״ב—יא.)
אין אשה נקראת אלא על שם מי שעשה כלי (כתוב. נ״ט.)
אזעלכע 2 פוסקים. (זעהט אינ׳ם פרוש „בית־שמואל״ וואס אויפ׳ן ספר
„טוב גטין״ ביי דעם ווארט „הילל״.)

